# ווי דאַרף הייסן
# דאָס אידישע לאַנד?

**How Should The Jewish State Be Called?**

— פון —


## לאַזאַרוס מאַנפריד




פאַר פרייער פאַרטיילונג דורך פאָסט




פאַרלאַג: בוכפאָלק

**BOOKFOLK PUBLISHING CO.**

112 East 19th Street New York 3, N. Y.




# אַ וואָרט צום לייענער

---

די בראָשור, וועלכע איר האַלט איצט אין האַנט, איז אַ פרייוויליקער בייטראָג צו דעם וויכטיקן ענין, וועלכער ווערט דאָ באַהאַנדלט. סאַי דער חשובער שרייבער פון דעם אַרטיקל און פאָלעמיזירונג, און סאַי אונזער פאַרלאַג, האָבן בייגעשטייערט די נויטיקע צייט און געלט די בראָשור צוצוגרייטן און אַרויסגעבן פאַר פרייער פאַרטיילונג, דורך פאָסט, צווישן די וויכטיקע פירער אין „כנסת“, די הויפּט־פירער פון אידנטום מחוץ לארץ, די אידישע פרעסע מיט די וויכטיקסטע שריפטשטעלער, און צו יעדן איינעם אויף פאַרלאַנג (מיט זיין נאָמען און אַדרעס קלאָר און דייטלעך געשריבן).

מיר טוען דאָס מיט פאַרגעניגן, אין דער האָפענונג, אַז די לייענער וועלן זיך אין דעם ענין פאַראינטערעסירן און „צולייגן אַ האַנט“, וואו נאָר מעגלעך איז, וואָס זאָל פירן צו דער פאַרווירקלעכונג (אָדער פאָרלויפיקן געברויך) פון דעם אידעאַלן און פראַקטישן נאָמען „ארץ ישראל“ פאַר אונזער אידישער מדינה. פאַסיקע פרעסע אָדער פערזענלעכע אָפרופן אין דער פראַגע וועלן געהעריק אָנערקענט ווערן.

פאַרלאַג בוכפאָלק

# ווי דאַרף הייסן דאָס אידישע לאַנד?

(געדרוקט אין „אידישער קעמפער“, אָקטאָבער 22, 1954,
און אויסגעברייטערט)

## פון לאַזאַרוס מאָנפריד

זוען מיר האָבן נאָך אַ צוויי טויזנט־יאָריקן גלות־לעבן גע־וואונען אונזער קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט און עטאַבלירט אונזער רעגירונג אויפן באָדן פון אונזער היס־טאָרישן היימלאַנד, איז איינע פון די ערשטע פראַגעס געווען, ווי זאָלן מיר רופן אונזער לאַנד. נאָך פיל וכוחים צווישן די גרינ־דער פון אונזער רעגירונג אין דעם באַנייטן לאַנד, איז געבליבן עס זאָל הייסן „ישראל“.

דער נאָמען איז אָבער אויפגענומען געוואָרן מיט ווייניק באַגייסטערונג, סאַי אין דעם לאַנד גופא, סאַי צווישן די אידן אין אַנדערע לענדער. עס האָט זיך געפילט, אַז דער נאָמען איז ניט דעפיניטיוו, ניט גענוג דערגאַנצט, אַז עס פעלט אין אים דער האַרמאָנישער קלאַנג וואָס זאָל אָפּעלירן צום אידישן אויער, אַזוי אַז ער באַזיצט ניט דעם רייץ וואָס דער נאָמען פון אַ פאָטערלאַנד איז פאַר זיינע איבערגעבענע זין און טעכטער.

אין משך פון די זעקס יאָר נאָך דער גרינדונג פון דער אידישער מדינה און דעם געברויך פונם נאָמען „ישראל“, איז די פראַגע פיל דיסקוטירט געוואָרן און פאַרשידענע מיינונגען זיינען וועגן דעם אַרויסגעזאָגט געוואָרן.

איך ווייס ניט, אויב עס איז לייכט צו ענדערן אַ נאָמען פון אַ לאַנד, כאָטש מיר האָבן לעצטנס געזען ווי, למשל, פערסיע האָט געביטן איר נאָמען אויף „איראַן“, סערביע — אויף „יו־גאָסלאַוויע“, אַביסיניע — אויף „עטיאָפּיע“, מעסאָפּאָטאַמיע — אויף „איראַק“. יעדנפאַלס גלויב איך, אַז אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דער פראַגע איז גאַנץ באַרעכטיקט, אָפּגעזען פון דעם צי דאָס קען פירן צו רעזולטאַטן אָדער ניט.

דער נאָמען „ישראל", פאַר זיך אַליין, איז בלויז דער נאָמען פון אַ מענטשן. לויט דעם חומש האָט יעקב אבינו געקראָגן דעם נאָמען פון אַ מלאך, וועלכער האָט זיך מיט אים געראַנגלט אַ גאַנצע נאַכט און צום סוף אים געבענטשט מיט אַ געטלעכן נאָמען „ישר־אל". אַזוי האָבן מיר איצט אַ רעכט ביסל אידן, כן ירבו, וואָס הייסן „ישראל". (אַזוי האָט אויך געהייסן מיין איינציקער זון, ע"ה, וועלכער האָט יונגערהייט פאַרלאָרן זיין לעבן דורך אַן אויטאָמאָביל־אומגליקספאַל).

מיט דער צייט איז דאָס וואָרט „ישראל" אויך געוואָרן אַן אַלגעמיינע באַצייכענונג פאַר דעם אידישן אָפּשטאַם און מיינט בכלל אַ איד אָדער דאָס אידישע פאָלק: „שמע ישראל"; „חברים כל ישראל"; „ישראל ואורייתא חד הוא" (דער איד און זיין תורה זיינען איינס) א. אַז. וו. „ישראל" מיינט אויך סתם אַ איד, וועלכער איז ניט קיין כהן און ניט קיין לוי.

ווען צום וואָרט „ישראל" ווערט אָבער צוגעגעבן אַ וואָרט פון באַצייכענונג, דאַן באַקומט שוין דאָס וואָרט אַן אויספירלעכע באַדייטונג. אַזוי האָבן מיר אַזעלכע טערמינען ווי בני־ישראל, בית־ישראל, עם־ישראל, כנסת־ישראל, שונאי־ישראל א. אַז. וו.

איצט לאָמיר זען, וואָס פאַר אַ וואָרט פון באַצייכענונג קען זיך צופּאַסן צום וואָרט „ישראל", וואָס זאָל קלאָר מאַכן, אַז דאָס איז דער נאָמען פון אידישן לאַנד? איר וועט אפילו קיין סעקונדע ניט טראַכטן און גלייך אַרויסזאָגן „ארץ ישראל".

יאָ, ארץ ישראל!

און דערביי דערמאָנען מיר זיך טאַקע, אַז „ארץ ישראל" איז אַ נאָמען, וואָס איז איינגעבאַקן מיט ליבע און בענקשאַפט אין אונזער האַרצן דורך אונזער גאַנצער געשיכטע. דער נאָמען, זיין באַדייטונג און אַלץ וואָס איז מיט אים פאַרבונדן, איז אַריינגע־דרונגען אין אונזערע תפילות, אין תלמוד און מדרש, און פאַר־נעמט אַ וואַרעם ווינקל אין אַלע אונזערע נאַציאָנאַלע און רע־ליגיעזע שטימונגען.

ווען איך האָב אין 1903 פאַרפאַסט מיין ערשטן ליד „ציונ'ס פאָן", האָט אַדוואָקאַט יאַשינאָווסקי, דאַן דער פירער פון ציוניזם

אין וואַרשע, מיר געזאָגט, אַז איך האָב מיין ליד געדאַרפט אַ נאָמען געבן „ארץ ישראל פאַן״. אפשר איז ער גערעכט געווען.

ניט נאָר פון סענטימענטאַלן און היסטאָרישן שטאַנדפּונקט דאַרף דאָס וואָרט „ארץ״ צוגעגעבן ווערן צום וואָרט „ישראל״, נאָר מיר זעען אַז דאָס וואָרט „לאַנד״ ווערט צוגעגעבן צו פיל אַנדערע וויכטיקע לענדער צו באַצייכענען די טעריטאָריע פון פאָלק, ווי צ. ב.: רוסלאַנד, ענגלאַנד, דייטשלאַנד, האָלאַנד, פינ־לאַנד, קורלאַנד, לעטלאַנד, אירלאַנד, סקאָטלאַנד, גריכנלאַנד א. אַז וו. ווען דער נאָמען וואָלט געווען „ארץ ישראל״, וואָלט דאָס לאַנד אַזוי געקענט גערופן ווערן אָריגינאַל אין אַלע שפּראַכן — Eretz Israel — ווי, למשל, הינדוסטאַן, טורקעסטאַן, פּאַקיס־טאַן („סטאַן״ מיינט דאָס לאַנד), וועלכע רופן זיך אַזוי אין אַלע שפּראַכן אָן באַזונדערע איבערזעצונגען.

עס ווערט אויך גענוצט, כאָטש ניט אָפיציעל, דער נאָמען „מדינת־ישראל״. אָבער דאָס איז ווי א געצוואונגענער נאָמען באין ברירה. דאָרט וואו עס איז נויטיק זיכער צו מאַכן אַז „ישראל״ מיינט די אידישע מדינה, העלפט מען זיך אַרויס מיט דעם נאָמען „מדינת״. אויך אין ענגליש, למשל, געברויכט מען אָפט דעם אויסדרוק The State of Israel, דאָרט וואו עס איז נויטיק זיכער צו מאַכן אַז „איזראַעל״ מיינט דאָס אידישע לאַנד. אָבער ווען דער נאָמען וואָלט געווען „ארץ ישראל״, און אַזוי גערופן פאָנעטיש אין אַלע שפּראַכן, וואָלט ניט נויטיק געווען צוצוגעבן זייטיקע ווערטער צו באַצייכענען אין געוויסע פאַלן וואָס „ישראל״ מיינט. דאָס וואָרט „ארץ״ וואָלט אַזוי געוואָרן אַן אַלוועלטלעכער טערמין, פונקט ווי דאָס וואָרט „כנסת״ — Knesseth — איז געוואָרן אינטערנאַציאָנאַל. דאָס אַליין איז אויך אַ שטיקל נחת־רוח. ועל כולם, דער געמאַכטער נאָמען „מדינת־ישראל״ וועט קיינמאָל ניט האָבן דעם רייץ און מאַגנע־טישע קראַפט פון דעם פאַרהייליקטן און אויסגעבענקטן נאָמען „ארץ ישראל״. עס איז דערפאַר נאָך מער ווי רעכט צו באַנוצן זיך, אין וואָרט און אין שריפט, כאָטש ניט אָפיציעל, מיט דעם אייגענעם נאָמען „ארץ ישראל״ איידער מיט דעם צוגעטראַכטן נאָמען „מדינת ישראל״.

מיר דאַרפן אויך ניט פאַרגעסן אַז אַחוץ דעם וואָס דער נאָמען „ארץ ישראל" איז שוין אַזוי אַריינגעדרונגען אין דעם לעבן פון אידישן פאָלק, וואָס ער רופט אַרויס וואַרעמע געפילן און וועקט טראַדיציאָנעלע באַציאונגען, וואָלט ער פאַר דער אינערלעכער און אויסערלעכער וועלט סאַי ווי געדינט, אין אַ געוויסן זין, ווי אַ נייער (אָדער באַנייטער) נאָמען צו באַצייכענען אונזער מדינה פון היינט. ווייל דער נאָמען „ארץ ישראל" באַזייטיקט אומדירעקט דעם אַלגעמיינעם נאָמען „פאַלעסטינע", וואָס איז ביז אַהער גאַנץ אָפט באַנוצט געוואָרן, ווען עס האָט זיך גערעדט וועגן ארץ ישראל.

מען ווייזט אָן, אַז דאָס אידישע לאַנד פון היינט נעמט ניט אַריין דעם גאַנצן שטח פון אַמאָליקן ארץ ישראל, און דערפאַר, הייסט עס, דאַרף עס הייסן בלויז „ישראל" (אַ טייל פון דעם נאָמען פאַר אַ טייל פון דעם לאַנד...)

דאַרפן מיר זיך אָבער דערמאָנען אַז די גרענעצן פון לאַנד האָבן מער ווי איין מאָל זיך געביטן דורך דער אידישער געשיכטע און דאָס לאַנד איז שוין אויך אַמאָל געווען נאָך קלענער ווי עס איז היינט צוזאַמען מיט דעם נגב, און דאָך איז דער ריכטיקער נאָמען „ארץ ישראל" קיינמאָל ניט געביטן געוואָרן. נאָך אין די צייטן פון שמואל א׳ ווערט שוין דערמאָנט ארץ ישראל: „לא ימצא בכל ארץ ישראל" (י"ג, ט׳). אַזוי גייט דער נאָמען דורך די גאַנצע נביאים און כתובים: „ולא יספו עוד גדודי ארם לבא בארץ ישראל" (מלכים ב׳, ו׳, כ"ג); „יהודה וארץ ישראל המה רוכליך" (יחזקאל כ"ז, י"ז); „הביאני אל ארץ ישראל" (יחזקאל מ׳, ב׳); „אם הגרים אשר בארץ ישראל" (דברי הימים א׳, כ"ב); „האנשים הגרים אשר בארץ ישראל (דברי הימים ב׳, ט"ז); „וכל החמנים גדע בכל ארץ ישראל" (דברי הימים ב׳, ל"ד, ז׳).

פון פראַקטישן, לאָגישן און סענטימענטאַלן שטאַנדפונקט: לאָמיר זיך אומקערן, אָפיציעל אָדער ניט אָפיציעל, צו אונזער פאַרהייליקטן נאָמען „ארץ ישראל" און אָנהאַלטן אונזער טראַדיציאָנעלן שלאָג־וואָרט „ארץ ישראל לעם ישראל!" — און ווי זאָגט דאָס אידיש ווערטל: „דער טאַטע האָט די מאַמען גענומען!"

# יצחק בן־צבי, פּרעזידענט פון ישראל, דערקלערט דעם נאָמען פון לאַנד

אַ קאַפּיטל פון מיין אַרטיקל „ווי דאַרף הייסן דאָס אידישע לאַנד ?" האָב איך געשיקט צום פּרעזידענט פון ישראל און האָב געהאַט דעם כבוד פון אים צו באַקומען דעם פאָלגנדן בריוו (גענוי איבערזעצט פון העברעאיש). — ל. מ.

צו ה׳ לאַזאַרוס מאַנפריד, ניו יאָרק.

מיין געערטער הער:

איך האָב באַקומען אייער בריוו מיט דעם בייגעלייגטן אַר־טיקל „ווי דאַרף הייסן דאָס אידישע לאַנד ?"

אין אַלגעמיין גערעדט, איז אַ ביסל צו שפּעט צו באַהאַנדלען די פראַגע נאָכדעם ווי אָטאָריטעטע אינסטאַנצן פון דער מדינה האָבן אָנגענומען דעם נאָמען „ישראל". אָבער אַזוי ווי איר ווענדעט זיך צו מיר מיט אייער בריוו און האָט דעם ענין אויס־פירלעך באַהאַנדלט אין אייער אַרטיקל, וויל איך אייך דערקלערן פאַרוואָס עס איז ניט באַשטימט געוואָרן פאַר דער מדינה דער נאָמען „ארץ ישראל".

דער נאָמען „ארץ ישראל" איז אַ ברייטערער ג ע אָ ג ר אַ־פ י ש ע ר נאָמען און נעמט אויך אַריין שמרון און עבר הירדן, לויט דער דעפיניציע אין דער תורה און תלמוד. אָבער דער נאָמען „ישראל" איז אַ פּאָליטישער באַגריף, מער באַשרענקט און אָנגעווענדעט בלויז אויף דעם שטח פון דער מדינה, אָבער ווערט ניט אָנגעווענדעט אויף יענע לאַנד־טיילן וועלכע זיינען פאַרבליבן אויסער די גרענעצן פון דער מדינה און זיינען פון אונז ניט באַפרייט געוואָרן. למשל, אַלע רעליגיעזע הלכות און

דינים וועלכע זיינען אַמאָל באַשטימט געוואָרן פאַר א ר ץ י ש ר א ל זיינען געמיינט ניט נאָר פאַר אידן פון ירושלים און תל־אביב, נאָר אויך פאַר אידן וואָס וואוינען אפילו אין חברון (אויב דאָרט זאָלן זיך געפינען אידן), אָדער אפילו אין רבת עמון, ווי צום ביישפּיל די דינים פון תרומה און מעשרות, אָדער די זיבן טעג פון פסח (ניט אַכט), א. אַז. וו., אָבער אַלע געזעצן און באַשלוסן וועלכע ווערן אָנגעווענדעט אויף די בירגער פון מדינת ישראל ווערן ניט פאַרשפּרייט איבער די אידישע איינוואוינער פון יענע לאַנד־טיילן פון ארץ ישראל וועלכע געפינען זיך אויסער די גרענעצן פון אונזער מדינה.

ווען מיר וואָלטן זיי איינגעשלאָסן אין איין וואָרט „ארץ־ישראל”, וואָלט מען ניט געוואוסט אויב די כוונה באַציט זיך אין דעם היסטאָריש־געאָגראַפישן זין (וואו עס ווערן אויך אַריינגענומען טיילן פון עבר הירדן, עזה, א. אַז. וו.) אָדער אין אַ פּאָליטישן זין, ווי די גרענעצן פון דער מדינה. דעריבער האָט דער געזעצגעבער באַשלאָסן ניט צו רופן די מדינה מיט דעם נאָמען ארץ ישראל, נאָר „ישראל” אַליין, מיט אַ צוגאָב פון דעם וואָרט „מדינה”, לויט דער פאָדערונג.

מיט גוטע וואונטשן,

**יצחק בן־צבי**

---

# מיין ענטפער צו פרעזידענט יצחק בן־צבי

צו דעם זייער חשובן ה׳ יצחק בן־צבי,
פרעזידענט פון ישראל, ירושלים.

מיין געשעצטער ה׳ פרעזידענט:

איך האָב דערהאַלטן אייער ווירדיקן ענטפער צו מיין בריוו און אַרטיקל „ווי דאַרף הייסן דאָס אידישע לאַנד?”, און איך דאַנק אייך זייער פאַר אייער פּינקטלעכן אָפּרוף.

אייער דערקלערונג פאַרוואָס מען האָט דאָס אידישע לאַנד אַ נאָמען געגעבן „ישראל״ און ניט „ארץ ישראל״, האָב איך באַטראַכט מיט גרויס אינטערעס. אָבער דערלויבט מיר צו זאָגן, אַז די אָנגעגעבענע קאָמפּליקאַציעס וועלכע וואָלטן אַנטשטאַנען ווען דער נאָמען וואָלט געבליבן „ארץ ישראל״ זיינען ניט גענוג געווען צו באַרעכטיקן דעם פאַרקירצטן נאָמען „ישראל״.

איר ווייזט אָן, למשל, אַז ווען מען וואָלט אונזער איצטיקע מדינה גערופן „ארץ ישראל״, וואָלט דאָס פאַראורזאַכט אַ מיספאַרשטענדעניש אין דער אָנווענדונג פון די געזעצן און באַשלוסן פון דער מדינה; מען וואָלט ניט געוואוסט אויב זיי זיינען חל בלויז אויף די בירגער פון דער מדינה אָדער אויף די אידן פון גאַנץ ארץ ישראל, וואָס מיינט אויך די אידן פון יענע טיילן ארץ ישראל וועלכע געפינען זיך אויסער די גרענעצן פון אונזער מדינה און זיינען פון אונז ניט באַפרייט געוואָרן.

ווילל איך אויף דעם זאָגן, אַז די רעליגיעזע דינים און הלכות וועלכע זיינען פאַרגעשריבן געוואָרן פאַר די אידן פון (גאַנץ) ארץ ישראל, ווי, למשל, „תרומה און מעשרות אָדער די זיבן טעג פון פסח (ניט אַכט) א. אַז וו.״, ווי איר ווייזט אָן אין אייער בריוו, בלייבן טאַקע, ווי געווען, גילטיק פאַר אַלע אידן פון גאַנץ ארץ ישראל. אָבער די געזעצן און באַשלוסן וועלכע זיינען פון דער אידישער רעגירונג אָנגענומען געוואָרן פאַר די בירגער פון דער מדינה, ווי , למשל, שטייערן, אימיגראַציע, קאָמערץ, אַרמיידינסט א. אַז. וו., זיינען גילטיק בלויז פאַר די בירגער פון אונזער מדינה און האָבן קיין שייכות ניט מיט די אידישע בירגער פון יענע לאַנד־טיילן אויסער אונזערע גרענעצן. דאָס איז אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, און עס וואָלט צוליב דעם ניט נויטיק געווען צו ענדערן דעם נאָמען פון ארץ ישראל. יעדנפאַלס וואָלט דער פונקט געקענט קלאָר געמאַכט ווערן מיט אַ שטריך פון דער פען ביי דער גרינדונג פון דער מדינה.

אויב יאָ אַ מיספאַרשטענדעניש, קען דאָס גיכער אָנגעוויזן ווערן דורך דער ענדערונג פון „ארץ ישראל״ אויף „ישראל״. ווייל אין דער גאַנצער אידישער געשיכטע, רעליגיעזער ליטעראַטור און פאָלקס־לשון מיינט „ישראל״ דאָס אידישע פאָלק.

און אַז דאָס אידישע לאַנד הייסט אויך „ישראל”, קען דאָס אָפט שאַפן אַ מער ערנסטע מיספאַרשטענדעניש ווי די וועלכע וואָלט זיך געשאַפן ווען דער נאָמען „ארץ ישראל” וואָלט געבליבן, לויט דער אָנווייזונג אין אייער געשעצטן בריוו. ווען מיר זאָגן, למשל, „בכל תפוצות ישראל” — וואָסט מיינט עס? אין אַלע פאַרשפּרייטע געגנטן פון דער מדינת ישראל, אָדער איבער אַלע פאַרשפּרייטונגען פון אידישן פאָלק, אפילו אין אַמעריקע, ענג־לאַנד, אפריקע, א. אַז וו.? אָדער דער אויסדרוק „שומר ישראל” אין אונזערע תפילות — מיינט דאָס דער (געטלעכער) היטער פון דער מדינה „ישראל” אָדער פון גאַנצן אידישן פאָלק, אָן אויסנאַמען? „כל ישראל אחיהם” — מיינט די ברודערשאַפט פון גאַנץ מדינת ישראל אָדער פון גאַנצן אידישן פאָלק? „שלום על ישראל” — די מדינה „ישראל”, אָדער דאָס (גאַנצע) פאָלק ישראל בכלל? אַזעלכע פאַלן פון מעגלעכע מיספאַרשטענדע־נישן קענען מיר באַגעגענען אויף יעדן טריט.

דערפאַר קומען מיר צום שלוס, אַז אונזער לאַנד דאַרף ניט הייסן „ישראל” (אויך ניט „מדינת ישראל”) נאָר — לפחות דערווייל אומאָפיציעל — „א ר ץ  י ש ר א ל”, ווי איך האָב אויספירלעך אָנגעוויזן פון יעדן שטאַנדפונקט אין מיין אַרטיקל. איך האָף אַז אייער עקסעלענץ וועט מיט מיר איינ־שטימען.

מיט גרויס דרך ארץ און בעסטע וואונטשן,

**לאַזאַרוס מאָנפריד**

# „אונטער איין דאַך“

## אַן אויסוואַל פון די בעסטע שריפטן

— פון —

## לאַזאַרוס מאָנפריד

וועלכע זיינען דערשינען אין פאַרשידענע צייטונגען, זשורנאַלן און זאַמלונגען. דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן אין איין פּרעכטיקן דע־לוקס באַנד און באַשטייט פון 5 טיילן: 1) לידער, 2) דערציילונגען, 3) פּובליציסטיק, 4) דראַמע, 5) מוזיק — געזאַנג מיט פּיאַנאָ־באַגלייטונג צו געוויסע לידער אין דעם בוך. דאָס זעלטענע בוך פאַרשאַפט אַן אמת גייסטיקן געניוס צו זיינע לייענער און איז אַ צירונג פאַר יעדער אינטעליגענטער אידישער היים. דאָס בוך איז אויך שיין און פּאַסיק פאַר אַ דויערהאַפטער מתנה צו אַ ליבהאָבער פון דער אידישער ליטעראַטור.

•

**רעדוצירטער פּרייז — 3 דאָלער**

(פּאָסט קאָסטן פריי)

•

שיקט דריי דאָלער מיט אייער נאָמען און אַדרעס קלאָר און דייטלעך געשריבן, און דאָס בוך וועט אייך גלייך אַרויסגעשיקט ווערן.

•

**BOOKFOLK PUBLISHING CO.**

112 East 19th Street New York 3, N. Y.

# זייט איר באַליבט ביי מענשן?

## אַ דרינגענדע לעבנספראַגע פאַר יעדן מענשן

— פון —

## לאַזאַרוס מאָנפריד

דאָס בוך „זייט איר באַליבט צווישן מענטשן?" אַנאַליזירט און באַהאַנדלט צען פסיכאָלאָגיש־גייסטיקע פעלערן, וועלכע מענטשן באַגייען מערסטנס אומבאַוואוסטזיניק אין זייער האַנדלונג, אויפפירונג און געוואוינהייטן, פאַר וועלכע זיי ווערן פאַרמיאוסט ביי מענטשן, אויסגעווייכט אָדער פשוט געהאַסט, און ווייסן דאָס ניט.

די צען פעלערן ווערן טיכטיק און אָפנהאַרציק באַהאַנדלט אין צען באַזונדערע קאַפּיטלען און אָנגעוויזן ווי אַזוי זיי צו טראַנספאָרמירן אין פערזענלעכער טוגענט און ליובנסווערטע אייגנשאַפטן, דורך וועלכע יעדער איינער קען געווינען דעם גוטן ווילן פון מענטשן, אַלגעמיינע פריינטשאַפט און געזעלשאַפטלעכן דערפאָלג.

דאָס מערקווירדיק בוך איז אַרויסגעגעבן אין אַ באַקוועמען פאָרמאַט, שיין געבונדן, און קאָסט בלויז איין דאָלער. דאָס בוך פון זעלבן פּאַרפאַסער און זעלבן אינהאַלט איז אויך אַרויסגעגעבן אין ענגליש אונטערן נאָמען: **Ten Steps to Social Success** מיט אַ ביילאַגע פון באַגייסטערטע מיינונגען פון באַרימטע פערזענלעכקייטן.

שיקט אַ דאָלער מיט אייער נאָמען און אַדרעס קלאָר און דייטלעך געשריבן (שרייבט אויב איר ווילט עס אין אידיש אָדער ענגליש) און דאָס בוך וועט אייך זאָפאָרט אַרויסגעשיקט ווערן.

•

**BOOKFOLK PUBLISHING CO.**

112 East 19th Street — New York 3, N. Y.

